# שול-ביבליאטעק.

רעדאגירט דורך דער ליטעראריש-פעדאגאגישער
קאמיסיע ביים יודיש-דעמאקראטישן העלפער פאריין.

№ 2.

[illegible]

## א פארשטערטער פסח.





# א.

— רב ישראל! רב ישראל! זייט זשע מוחל! איר קאָנט זיך אונטערנעמען ס'זאָל זיין פאַרטיג דעם קינד'ס מלבושים־לאך אויף יום־טוב?

אַזוי שרייט די מאַמע צו ישראל דעם שניידער מיט אַלע כחות, מחמת ישראל דער שניידער איז טויב ווי די וואנט.

ישראל, אַ הויכער ייד מיט א לאנג פנים און מיט וואַט אין די אויערן, טוט א האלבן שמייכל און אַ מאך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „פאַרוואָס זאָל ניט זיין פאַרטיג?...“

— נעמט זשע אים, זייט מוחל, אַראָפּ אַ מאָס, נאָר מיט א תנאַי, אויב עס קאָן זיין פאַרטיג אויף פסח.

ישראל דער טויבער טוט אַ קוק אויף דער מאַמע, ווי איינער רעדט: „אַ מאָדנע יידענע! דאַכט זיך גענוג, אַז מע זאָגט איין מאל?...“ און ער שלעפּט אַרויס פון בוזעם־קע־שענע אַ לאַנגע פאַפּירענע מאָס מיט א גרויסער ענגלישער שער און שטעלט מיך אוועק און הויבט מיך אָן אויסצעמעסטן אין דער לענג און אין דער ברייט, און די מאַמע שטעהט ביי דער זייט און קאָמאַנדעוועט:

— לענגער, נאָך לענגער!... ברייטער, נאָך ברייטער!... למען־השם די הויזלאַך נישט פאַרשמאָלן!... און דאָס קאַ־פּאָטקעלע זאָל זײַן מיט אַ „פאַלבאָם"!... אויף עטליכע פינגער!... נאָך, נאָך אַ ביסעלע!.. אָט אזוי!... אין סטאָן זאָל חס־ושלום ניט זיין קורץ!... בעל הבתיש... נאָך, נאָך... זשאַלעוועט ניט קיין מאַטעריע, ווארים א קינד וואקסט!...

ישראל דער שניידער ווייסט אליין גאַנץ גוט, אַז „אַ קינד וואקסט", ענפערט ער נישט דאָס אַנדערע ווארט און טוט זיך זיינס. אויסגעמאָסטן מיר אלע איברים, טוט ער מיך אַ שלעפּ אָפּ פון זיך, ווי איינער רעדט: „קאָנסט געהן, ביזט פריי!"... מיר ווילט זיך זעהר, אַז דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין פון הינטן מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע, נאָך דער „הײַנטיגער מאָדע", נאָר איך ווייס ניט צו וועמען זאָל איך מיך ווענדן. ישראל דער טויבער דרעהט צונויף די מאָס אויף צוויי פינגער און רעדט בשעת מעשה צו דער מאמע האלבע ווערטער:

— אַ שווערער פאַר פסח!... גרויסע בלאָטעס!... פיש־יקרות!... קאַרטאָפלעס — מיט גאָלד!... אייער — ניט אַ לעק!... אַרבעט—געשלאָגן!... נייע מלבושים לא!... לאַטעס און לאַ־טעס און לאַטעס!... אַז רב יהושע־הערש קאָן שוין הייסן אי־בערניצעווען אן אלטן פאַלטאָ!... רב יהושע־הערש אַליין!... יאָרן!... האַ?... עק וועלט!...

די מאַמע ווערט דערפון ווינציג וואָס נתפעל. זי שלאָגט אים איבער אין מיטן:

— וויפיל וועט איר זיך הייסן אַ שטייגער אָנמעסטן אַרום און ארום פאַר דער ארבעט, רב ישראל?

ישראל דער טויבער נעמט ארויס פון זשילעט-קעשע-נע אַ ביינערן ראָזשיקל, בויגט אויס דעם גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט, אַזוי אַז עס ווערט אַ גריבל. שיט ער אָן אין גריבל אריין אַ בערגעלע טאַבעקע, טראָגט דאָס צו פּאַוואָלינקע צו דער נאָז און שלעפּט אריין דאָס בערגעלע טאַבעקע אַזוי קונציג, אַז עס פּאַלט נישט קיין סימן אפילו אויף די וואנסן. נאכדעם טוט ער א מאַך מיט דער האנט און א זאָג:

— עט, וואָס איז שייך, מיר וועלן זיך ניט קריגן... איר פאַרשטעהט אַ מעשה? רב יהושע-הערש!... איבערניצעווען אן אלטן פּאַלטאָ!... גוואַלד געשריגן!...

— געדענקט זשע, רב ישראל, וואס איך בעט אייַך: ניט שמאָל, און ניט קורץ, און א „פּאַלבאָם", און דער סטאָן, גראָם און פּראָסטאָרנע"...

— און א שפּאַל...?- וויל איך מיך אַריינמישן אין מיטן.

— שטיל, לאָז אויסרעדן אַ וואָרט!- זאָגט די מאמע און דערלאַנגט מיר מיט׳ן עלנבויגן אין זייט אַרייַן — געדענקט זשע נאָך אַ מאָל: ניט קורץ, און ניט שמאל, און דאָס סטאָנדל, און א פּאַלבאָם... למען השם אַ פּאַלבאָם!...

— און א קעשענע?... פּרוב איך מיך נאָך א מאל.

— וועסט ניט אַנשטימט ווערן?—זאָגט צו מיר די מאַ-מע—האָסטו געזעהן אַ קינד זאָל האָבן אַ טבע זיך אריינ-מישן בשעת עלטערע רעדן!...

ישראל דער טויבער נעמט דאָס פּעקל סחורה אונטער דער האַנט, טוט א שמיר די מזוזה מיט צוויי פינגער און א זאָג פון דער טיר:

— ווילט איר, הייסט עס, דוקא ס'זאָל זיין אויף פּסח?...
אַ גוטן יום־טוב.

ב.

— אָ, אָט איז רב גדליה! מע זאָל דערמאָנען משיח'ן!...
איך האָב נאָר וואָס אין זינען געהאַט צו שיקן צו איַיך
נאָך אַ מאָל!

גדליה איז אַ ייד אַ שוסטער, אַן אויסגעדינטער
סאָלדאַט, פון פאָרנט אָן ציין, מיט אַ גרוי קיילעכדיג
בערדל, וואָס מע דערקאָנט, אַז אַמאָל, שוין לאַנג, איז
דאָס געווען אין מיטן אויסגעגאָלט.

— רב גדליה!—מאַכט צו אים די מאַמע—זאָגט נאָר,
איר ווערט זיך קאָנען אונטערנעמען אויפנייהען דעם קינד
אַ פּאָר שטיוועלאַך אויף פּסח?

גדליה דער שוסטער איז אַ פרעהליך יידל, וואָס
בשעת ער רעדט, כאַפּט ער אַ טענצל.

— איר ווילט „נעפּרעמענע" אויף פּסח?—מאַכט ער
צו דער מאַמע'ן—ס'איז דיר אַן אַנטיק! איטליכער וויל אויף
פּסח! חיהלע רב מאָטל'ס האָב איך צוגעזאָגט אויף פּסח
צוויי פּאָר באָטיקלאַך, פאַר איר און פאַר דער טאָכטער,
מוז מען איר מאַכן. יוסעלע רב שימעלע'ס האָט באַשטעלט
ביי מיר פיר פּאָר שטיוועלאַך אויף פּסח—מוז מען מאַכן...
היינט פייגעלע רב אברהם'ס האָב איך שוין לאַנג צוגע-
זאָגט אַ פּאָר באָטיקעס; עס זאָלן פאַלן שטיינער פון'ם
הימל, ווערט ניט העלפן! און משה דער שניידער האָט מיך
געבעטן אַ פּאָר קעפּלאַך, קאָן מען אים אויך ניט אָפּזאָגן!

און זיאַמע דעם סטאָליאַר אַ פּאָר „סאָיווקיס״ באַדאַרף מען אונטערהוואַרפן, עס העלפט נישט! היינט אַסנה דער אַלמנה׳ס מיידל האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט איך זאָל איר למען השם...

— הכלל, — שלאָגט אים איבער די מאַמע, — לאָ׳מיך הערן ווערטער: קאָנט איר, הייסט עס, נישט אונטערנעמען זיך ס׳זאָל זיין פּאַרטיג אויף פּסח? שיק איך נאָך אַן אַנדער שוסטער...

— פּאַרוואס זאָל איך ניט קאָנען? — זאגט גדליה מיט אַ טענצל — צוליב אייך לעג איך אַוועק אַלע אַנדערע אַרבעט און אייערע שטיוועלאַך מוזן, אם ירצה השם, זיין אויף פּסח; ס׳איז עפּיס אַ תירוץ?

און גדליה דער שוסטער קראַצט אויס אַ שטיקל בלוי פּאַפּיר, שטעלט זיך אַוועק אויף איין קניה, און נעמט מיר אַ מאָס.

— לאָזט צו נאָך אַ קאַפּעטשקע — זאָגט די מאַמע — נאָך, נאָך... וואָס זשאַלעוועט איר אַ שטיקל לעדער?... אָט אַזוי... ס׳זאָל אים, חלילה, ניט קוועטשן אין די פינגער!...

— קוועטשן אין די פינגער—זאָגט איר נאָך גדליה.

— לעדער זאָלט איר געבן, רב גדליה איר הערט, נישט קיין פוילן!

— פוילן—זאָגט איר נאָך גדליה.

— פּאָדעשוועס זאָלט איר לעגן גוטע, זיי זאָלן ניט אָפּרייסן זיך.

— אָפּרייסן זיך—זאָגט נאָך גדליה.

— און די אַבצאַסן זאָלן, חלילה, ניט אָפּשפּרינגען.

— אָפּשפּרינגען—זאָגט נאָך גדליה.

— איצט קאָנסטו געהן אין חדר אַריין—זאָגט מיר די מאַמע,—דו זעהסט כאָטש, ווי מע ברענגט זיך אויס פון דיינעטוועגן? זאָלסט כאָטש וועלן לערנען, וועסטו זיין אַ מענש, אַ'ניט וועט פון דיר זיין אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ הינטשלעגער!...

איך ווייס נאָך אַליין ניט, וואָס עס וועט פון מיר זיין; אַ מענש, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אָדער אַ הינט־שלעגער? איך ווייס נאָר, אַז בזה הרגע ווילט זיך מיר זעהר־זעהר, אַז די שטיוועלאַך זאָלן מיר סקריפּען. אוי, ווילט זיך מיט סקריפּקעס!...

— וואָס בּיזטו געבליבן שטעהן ווי אַ ליימענער גולם?—רופט זיך אָן צו מיר די מאַמע,—פאַרוואָס געהסטו ניט אין חדר אַריין? געה, מע וועט שוין מער נישט געבן גאָרנישט!

גדליה דער שוסטער לאָזט זיך געהן און קערט זיך אום צוריק.

— ווילט איר, הייסט עס, „נעפּרעמענע” אויף פּסח?—זאָגט גדליה—אַ גוטן יום־טוב!...

ג.

געהענדיג פונ'ם חדר אַהיים כאַפּ איך מיך אַריין קודם כל צום שניידער מכּח דעם שפּאַלט מיט דער קע־שענע.

ביי אַ גרויסן טיש שטעהט ישראל דער טויבער אָן אַ קאַפּאָטע, מיט א ברייטן טלית־קטן, פאַרטיפּט אין דער

אַרבעט; אויפ׳ן האַלז עטליכע פּעדים, אין זשילעט עטלי־כע נאָדלען, ער צייכנט מיט אַ קריידל, שערט מיט אַ שער, קראַצט זיך מיט׳ן מיטעלסטן אויסגעבויגענעם פינ־גער פון הינטן און רעדט צו זיך אַליין האַלבע ווערטער, ווי זיין שטייגער איז:

— „פּאַלבאָמעס״ מאַך זיי... גראם זאָל זיי זיין... „פּראָס־טאָרנע״... פון וואָס? פון אַתה ירצתּ?... מ׳שניידט זיך די פינגער... קוים, קוים... ווי מיט קרעפּל־פלייש...

אַרום טיש זיצן עטליכע שניידער־יונגען און נייהען, וואַרפן מיט די נאָדלען גיך־גיך און זינגען אַלע אינאיינעם אַ לידל. איינער אַ געלער בחור, מיט קלייען אויפ׳ן פּנים, מיט אַ ביסל אַן איינגעפאַלענער נאָז, זינגט אויף אַ גלעקל־שטים און ציהט מיט׳ן פאָדים צום טאַקט:

„אוי, דו פאָרסט אַוועק,
און אוי, דו פאָרסט אַוועקעט,—
און מיך לאָזטו אי־ווי־ווי־ווי־וויבער״!...

און די איבעריגע חברה כאַפּן אונטער מיט אַ קוויטש:

„אָט שטעך איך זיך!
אָט הענג איך זיך!
אָט טרינק איך זיך!
איך טו מיר אַ מעשה אֶ־וואָ־וואָ־וואָנעט״!...

— וואָס וועסטו זאָגן, ייִנגעלע?—מאַכט צו מיר ישראל.

— אַ שפּאַלט—זאָג איך.

— האַ?—מאַכט ישראל און בויגט זיך־צו צו מיר מיט׳ן אויער.

— אַ שפּאַלט! מיט אַ קעשענע!—שריי איך אים הויך, ער זאָל דערהערן.

— וואָס פאַר שפּאַלטן? וואָס פאַר קעשענעס? מישט זיך אַריין בתיה די שניידערין, אַ קליין ווייבעלע, וואָס זיצט און טוט דריי אַרבעט מיט אַ מאָל: מיט אַ פוס וויגט זי אַ קינד, מיט די הענט אַרבעט זי אַ זאַק און מיט'ן מויל רעדט זי און בייזערט זיך:—נאַ'דיר גאָר שפּאַלטן! נאַ'דיר גאָר קעשענעס! וואו האָסטו אויף קעשענעס? ער וויל קעשענעס? לאָז אים די מאַמע געבן אויף קעשענעס, וועט ער האָבן קעשענעס! נאַ'דיר גאָר קעשענעס!

איך האָב שוין חרטה אויף דער גאַנצער מעשה. עס יאָל כאָטש ניט אָנקומען צו דער מאַמע.

— ווילסטו, הייסט עס, ס'זאָל זיין דוקא מיט אַ שפּאַלט?—מאַכט צו מיר ישראל דער שניידער און נעמט אַרויס דאָס ראָזשיקל מיט טאַבעקע—גער יינגעלע.

— און מיט דער קעשענע? זאָג איך צו אים און מאַך פאַר אים אַ רחמנות-פּנים.

— גער, יינגעלע, אַהיים—מאַכט צו מיר ישראל—איך וועל שוין זעהן ס'זאָל זיין אַלצדינג.

איך נעם די פיס אויף די פּלייצעס און לויף אַוועק פון דאָרטן מיט אַ שמחה צו גדליה דעם שוסטער מכח סקריפּקעס אין די שטיוועלאַך.

גדליה דעם שוסטער טרעף איך ניט אינדערהיים, ביים וואַרשטאַט זיצט זיין אַרבעטער „קאַרפּע" איבער אַן אויסגעגלעטער פּאָדעשווע.

קאַרפּע איז אַ געזונטער, אַ ברייטבייגעדיגער שייגעץ, מיט אַ געשטיפּלט פּנים, מיט אַ לעדערן רייפל אויף די שוואַרצע האַרטע האָר.

— וואָס דו ייִנגעלע ווילסט? — מאַכט ער צו מיר אויף ייִדיש — מודה אַני, פרײדע מאַני, טאַטעלע-מאַמעלע, אַ גיב אים אַ געזונטעלע... זאָג וואָס דו ווילסט?

— כאַזשאַיעון — ענפער איך אים אויף רוסיש· יאַ אָטשעם כאַטיל אימעט דאָ וואַש כאַזשאַיען גדליה.

— בעל־הבית געגאַנגען אַ ברית, מאַך אַ קידוש, טרונק אַ בראָנפן — מאַכט צו מיר קאַרפּע ווידער אויף ייִדיש, און בכדי איך זאָל פאַרשטעהן אַקוראַט, וואָס ער מיינט, טוט ער זיך אַ שנאָל מיט'ן פינגער איבער'ן האַלז.

איך זעץ מיך אַוועק אַנטקעגן אויף אַ לעדערן ביינקל און לאָז מיך אַריין מיט קאַרפּע'ן אין אַ ברייטן שמועס מכח לעדער, „טאָוואַר", מכח שטיוול, פּאָדעשוועס, פלעקלאַך, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איך קום אַרויף אויף סקריפּקעס. ער רעדט אויף ייִדיש און איך אויף רוסיש. פאַרשטעהט ער ניט וואָס איך רעד, מאַך איך צו אים מיט די הענט:

— יאַ־זשע טאָבי, גויאישע קאָפּ, דבר'ן פּאָוואַשעמו: קאַזשי מיני ... כל שאָ טשאָבעטקעלע מאַכן טרר! טרר! .

— דו בעסער רעד ייִדיש! — מאַכט צו מיר קאַרפּע, טו... אַ לעק די פּאָדעשווע מיט'ן צונג און מאַכט אַ צייכן מיט זיין גראַבן שוואַרצן נאָגל ביי דער זייט פּאָדעשווע.

— וואָס איז דער שכל — זאָג איך צו אים אויף ייִדיש —

וואַס איז דער טעם פון סקריפּקעס? וואָס לעגט איר אַזעלכעס אין שטיוועלאַך זיי זאָלן סקריפּען?

— אָ, סקריפּקי?—מאַכט קאַרפּע—אַ שטיוועלע סקריי־פּען דאַרף מען אַ צוקער.

— פּשוט—זאָג איך—צוקער? וואָס איז דער שכל?

— אַ צוקער?—זאָגט קאַרפּע און גיט מיר צו פאַר־שטעהן דעם שכל- אַ צוקער קלאָפּ-קלאָפּ, סקריפּ־סקריפּ...

— אַ־האַ?—מאַך איך צו אים—דעם צוקער, מסתמא, צע־קלאַפּט מען, טרישטשעט ער, נו, און ווייטער לעגט מען ניט אַריין גאָרניט?

— אַ בראָנבן—מאַכט קאַרפּע—אַ ביסנעס בראָנבן.

— בראָנפּן?—זאָג איך—וואָדקי, הייסט עס? זאַטשעם וואָדקי? מילא סאַכער סקריפּ־סקריפּ; אָבער וואָדקי? נאַשטשאָ טאָבי וואָדקי?

קאַרפּע מוטשעט זיך און גיט מיר צו פאַרשטעהן און דוקא אויף יידיש דעם שכל אויף וואָס מע דאַרף האָבן בראָנפּן. איידער מע לעגט אַריין, זאָגט ער, אין די שטי־וועלאַך דעם צוקער, מוז מען פריהער די פּאָדעשווע גוט באַשפּריצן מיט בראָנפּן, אַ'ניט נעמט זיך ניט צו גוט דער צוקער.

— אַ־האַ—זאָג איך—יאַ אוזשע דאָברע צעקייט. יאַק נע בודע וואָדקי, טאַק נע בודע סאַכער; אַק נע בודע סאַ־כער, טאַק נע בודע סקריפּען. און איך עפן אויף דאָס בייטע־לע און גיב אָפּ קאַרפּע'ן מײַן גאַנץ פאַרמעגן: דאָס גאַנצע חנוכה־געלט מיטן שלח־מנות־געלט און געזעגן זיך אָפּ מיט אים גאַנץ פריינטליך, און קאַרפּע רוקט מיר אַריין אַ

גרויסע, שוואַרצע האַנט אויסגעשמירט מיט סמאָלע און זאָגט מיר אָפּ אויף גיך: „מודה אַני, פריידע מאַני, טאַטעלע־מאַמעלע, אַ גיב אים אַ געזונטלע...״ איך לויף אַהיים אי־בערבייסן און פון דאָרט צוריק אין חדר אַריין זיך באַרי־מען פאַר אַלע יינגלאַך, וואָס פאַר אַ מין מלבושימלאַך מע נייהט מ׳ר אויף פסח, אַ קאַפּאָטקעלע פון היינטן מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע! און שטיוועלאַך מיט סקריפּ־קעס! מיט סקריפּקעס! מיט סקריפּקעס!...

ד.

— מאַמע, איך בין פריי! קום איך צו לויפן אַהיים אַ פּאָר טעג פאַר פסח און זאָג איר אָן אַ בשורה, אַז מע האָט אונז צעלאָזט פונ׳ם חדר.

— אַ גדולה אויף דער באָבע׳ן! זאָלסט דערלעבן אָנ־זאָגן בעסערע בשורות! ענטפערט די מאַמע, וואָס איז פאַר־טאַראַראַמט מיט׳ן פסח. זי האָט אונטערגעבונדןביידע דינסטן מיט ווייסע פאַטשיילעס און געגעבן זיי בערשטלאַך, בעזימס מיט פלעדערווישן אין די הענט אַריין, און אַליין האָט זי זיך אויך אונטערגעבונדן מיט אַ ווייסער פאַטשיי־לע, און אַלע דרייַ רייניגן און שמירן, וואַשן און רייבן, שייַ־ערן און כשר׳ן אויף פסח. איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען. וואו איך זיץ און וואו איך שטעה און וואו איך געה—איז שלעכט.

— אַוועק מיט די חמצדיגע מלבושים פון דער פסח־דיגער שאַפע!—טוט די מאַמע אויף מיר אַ געשריי מיט אַזאַ

אימפעט, גלייך ווי איך וואָלט געגאַנגען מיט פייער אַרום פולווער.

— פאַוואָלע, אָט טרעטסטו אָן אויף אַ פסחדיגן זאַק!

— אַהינצו זאָלסטו גאָר אַפילו ניט קוקן, דאָרטן שטעהט דער פסחדיגער באָרשט!...

איך דרעה מיך אַרום פון איין אָרט צום אַנדערן, פלאָנטע מיך אונטער די פיס, איך כאַפּ א שטורך, אַ זעץ, אַ שליידער.

— ביי לייטן קינדער זיצן אויף איין ארט זיצן זיי.. קראַנק אַזאַ בחור׳ל פון כמעט דאָס נייַנטע יאָר נעמען עפּיס טון, איבערחזר׳ן נאָך א מאל די פיר קשיות?!

— מאַמע–זאָג איך–איך קאָן זיי שוין אויף אויסוועניג?

— אַ גדולה!–זאָגט די מאַמע–קאָסט קאָרג געלט קאָסטו?...

קוים דערלעבט דעם אויפדערנאַכט, וואָס דער טאַטע געהט אַרום מיט א ליכטל, מיט אַ הילצערנעם לעפל און מיט אַ פלעדערוויש און איז בודק חמץ, און איך העלף אים זוכן די שטיקלאַך ברויט, וואָס ער אַליין טאַקי האָט זיי צו־געגרייט אויף אלע פענסטער... סך הכל איין מעת־לעת־טראַכט איך מיר–נאָך איין נאַכט און איין טאָג און איך וועל מיך אָנטון יומטובדיג, ווי א פּרינץ, א נייַ קאַפּאָטקעלע מיט אַ שפּאַלט און מיט א קעשענע פון הינטן, און די שטיוו־לאך וועלן סקריפּען!... וועט מיך די מאַמע, מסתמא, פרעגן: „וואָס איז דאָס פאַר אַ סקריפּערייַ?״ וועל איך זיך מאַכן, כלומרשט, ווי איך ווייס ניט פון וואס צו זאָגן... הייַנט דער סדר, די פיר קשיות, ארבע כוסות, און די פסחדיגע מאכלים:

לאַטקעס, און קניידלאַך, און קוגעלאַך, און כרעמזלאַך... איך דערמאָן מיך אָן די מאכלים און עס הויבט מיר אָן צו ציהען דאָס האַרץ. איך האָב אַ גאַנצן טאָג כמעט גאָרנישט געגעסן.

— לייען אָפּ קריאת־שמע־זאָגט צו מיר די מאַמע, און געה לעג זיך שלאָפן. היינט עסט מען גישט קיין וועטשערע; ס'איז ערב פסח...

איך לעג זיך שלאָפן און עס חלומ'ט זיך מיר, אַז ס'איז שוין פסח... איך געה מיט'ן טאַטן אין שול אַרײַן דאַווענען... מײַנע נײַע מלבושימלאך קנאַקן... מײַנע שטיועלאַך סקריפּען: סקריפּ! סקריפּ! סקריפּ!... „ווער געהט עס?" — פרעגן פרעמדע מענשן... „דאָס איז מאָטל־משה־חיים אברהם־הערש־ראובנ'ס יינגל..." פלוצים, איך ווייס ניט פון וואנען עס נעמט זיך אַ שווארצער, אַ קודלאַטער הונט און פאַלט אָן אויף מיר „האַוו־האַוו" און כאַפּט מיך פאַר'ן קאַפּאָטקעלע... שטעהט דער טאַטע און האָט מורא צוגעהן און מאַכט מיט די הענט און שרייט: „פּאַשאָל! פּאָשאָל!..." הערט אים ניט דער הונט און רייסט מיך פון הינטן, סאַמע ביי דער קע־שענע, און רייסט מיר אָפּ א האלב קאַפּאָטקעלע און וויל אַנטלויפן... לויף איך אים נאָך מיט כחות און פאַרליר א שטיוועלע, און בלײַב שטעהן אין דער בלאָטע מיט איין שטיוועלע און מיט איין באָרוועס... הויב איך אָן ווייַנען און שרייען: גוואַלד! גוואלד! גו־אַלד!... און איך כאַפּ מיך אויף און דערזעה אונזער דינסטמיידל, ביילה, שטעהט נעבן מיר, רייסט פון מיר די קאָלדערע און שלעפּט מיך פאַר א פוס.

— זעה נאָר, ווי מע קאָן אים ניט דערוועקן! שטעה

שוין אויף, די מאַמע האָט געהייסן, מע זאָל דיך אויפוועקן, מע באַדאַרף אַרויסטראָגן דעם לעצטן חמץ!...

ה.

דער טאַטע וואַרפט אריין דעם הילצערנעם לעפל מיט'ן פלעדערוויש אין אויוון אַריין און פאַרברענט דעם חמץ... אין שטוב ווערט פסחדיג... אומעטום איז ריין, אומעטום איז כשר... דער טיש איז גרייט... די ארבע כוסות שמייכלען צו מיר פונדערווייטן... אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה וועט ווערן פסח... אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה וועל איך מיך אָנטון יומטובדיג... נאָר ביז דער שניידער מיט'ן שוס־טער וועלן מיר ברענגען מיין יומטובדיגן אָנטון, מאַכט מיך דערווייל די מאַמע פסחדיג: זי צוואָגט מיר אויס דאָס קעפל מיט הייס זודיג וואסער און מיט אַ געלעכל פון אן אֵיי. זי קעמט מיך און רייסט מיר די האָר: קנייטש איך זיך, שענקט זי מיר אַלע מאָל א שטורך מיט'ן עלנבויגן, אָדער א פאַטש:

— דו וועסט ניט אויפהערן דרעהען זיך ווי א וואָרים... אַ קינד זאָל ניט קאָנען איינשטעהן! מע טוט אים גוטס, איז ער נאָך ניט צופרידן!...

איבערגעקומען, ברוך השם, דאָס צוואָגן אויך, זיץ איך מיר איין אין העמדל ביים טיש און וואַרט אויף מיינע בייע מלבושימלאַך און באַטראַכט דעם טאַטן, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פונ'ם מרחץ מיט נאַסע פאות נאָך. ער זיצט אי־בער א גראָבן ספר און לערנט שטילערהייד מיט אַ נגון פון דער גמרא און שאָקלט זיך.

איך קוק אויפ'ן טאַטן און עס מאָלט זיך מיר אויס, אַז

נאָך אַזאַ ערליכער ייד, ווי דער טאַטע, איז ניטאָ אויף דער וועלט, אַז נאָך אַזאַ כשרער פּסח, ווי ביי אונז, איז ניטאָ אין ערגיץ, אַז נאָך אַזעלכע מלבושימלאך, ווי ביי מיר, וועט ניט זיין ביי קיינעם! נאָר למאַי ברענגט מען זיי נאָך ניט? וואָס איז די מעשה? טאָמער זיינען זיי, חלילה, ניט פאַרטיג אויף פּסח — דאָס וויל איך גאָר נישט נעמען אויפ׳ן קאָפּ! ווי אַזוי וועל איך געהן אין שול אַריין? וואָס וועלן זאָגן מיינע חברים? ווי אזוי וועל איך מיך זעצן צום סדר? די שעה זאָל גאָר ניט זיין, איך וועל דאָס גאָר ניט איבערטראָגן!..

אַזוי ווי איך זיץ פאַרטיפט אין די טרויעריגע מחשבות, עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין ישראל דער שניידער מיט דער אַרבעט. פאַר גרויס שמחה כאַפּ איך מיך אויף, טו אַ שפּרינג און אַ פאַל מיט׳ן בענקל אינאיינעם, שיר ניט געבראָכן האַלז־און־נאַקן. לויפט אַריין די מאַמע פון קיך מיט אַ פּסחדיגן שמאַלץ־לעפל אין האַנט.

— וואס האָט עס אַזאַ קלאַפּ געגעבן וואס? ווער איז עס געפאַלן ווער? ס׳איז דו, בּרֵענען זאָלסטו ניט אויפ׳ן פייער? אַ רוח, אַ שד, ניט קיין קינד! האָסטו זיך, חלילה, ניט אַ זעץ געטון ערגיץ, חלילה? אַ מצוה אויף דיר! לויף ניט, שפּרינג ניט, געה ווי אַ מענש...

און צו ישראל׳ן זאָגט זי:

— איר האַלט וואָרט, רב ישראל! און איך האב שוין געוואָלט שיקן צו אייך! ישראל טוט אַ האַלבן שמייכל און אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „אַ שענע מעשה, כ׳לעבן! איך זאָל נאָך ניט האַלטן קיין וואָרט?...״

די מאַמע לעגט אַוועק דעם שמאַלץ־לעפל און העלפט

מיר אַריינקריכן אין די נייע הויזעלאַך אַריין, טוט מיר אָן דאָס סיצענע אַרבע־כּנפות׳ל, וואס זי אַליין האָט מיר אויפ־געניייהט אויף פסח, און פון אויבן טוט זי מיר אָן דאָס קאַפּאָט־קעלע, און איז צופרידן, וואָס ס׳איז גענוג גראם און „פראָסטאָרנע...״

— איך טו מיך אַ טאַפּ פון הינטן — אַ צרה, אַ שלאַק! נישטא קיין סימן פון קיין שפּאַלט און פון קיין קעשענע. פאַרנייהט, גלאַט, און גאַנץ אַרום און אַרום!...

— וואס איז דאס פאַר אַ קישקע? — רופט זיך אָן פלוצים די מאַמע צו ישראל דעם טויבן און דרעהט מיך-אויף אַלע זייטן.

ישראל דער טויבער נעמט אַרויס דאס ראָזשיקל, בויגט אויס דעם פינגער, שיט אָן אַ בערגעלע טאַבעקע און ציהט אַריין אין נאָז אַריין.

— וואס איז דאס פאַר אַ קישקע? — זאגט די מאַמע נאָך אַמאָל און טוט מיך אַ דרעה.

— וואו האָט איר אַ קישקע? — זאָגט ישראל און טוט מיך אַ דרעה צוריק — דאס איז דער „פאַלבאָם״. איר האָט דאָך געבעטן אַ „פאַלבאָם״ זאָל זיין. איר האָט שוין פאַרגעסן?!

— אַ שענער פאַלבאָם! — זאָגט די מאַמע, און טוט מיך אַ דרעה — אַ בייזע וויכטע חלשות! פע! אַ בזיון כ׳לעבן, אַ בזיון!

ישראל פאַלט חס־ושלום ביי זיך ניט אַראפּ, ווי אַ פּראָפעסאָר, און זאָגט, אַז עס ליגט אויסגעצייכנט גוט, מע דאַרף גאָר ניט בעסער! אַזאַ אַרבעט מאַכט מען ניט אפילו

אין פאַריזש! דאס קאַפּאָטקעלע זינגט. ווי איך בין אַ ייד, סע זינגט...

— געפעלט דיר דאָס זינגען, וואָס סע זינגט? — זאָגט די מאַמע און פירט מיך צו צום טאַטן.— וואָס זאגסטו אויף דעם געזאַנג?

דער טאַטע דרעהט מיך אויף אַלע זייטן, באַטראַכט דאָס קאַפּאָטקעלע און געפינט, אַז די הויזעלאַך זיינען יאָ אַ ביסל צו לאנגליך...

— ישראל נעמט אַרויס דאָס ראָזשיקל און איז מכבד דעם טאַטן מיט אַ שמעק טאַבעקע.

— צו לאַגגליך די הויזן, רבי ישראל!

— האַ?... וואָס?... לאַנגליך זאָגט איר? ווייסט איר ניט, וואָס מע טוט? פאַרקאַטשעט מען זיי.

— זייט איר, אפשר, אויך גערעכט,— זאָגט דער טאַטע... וואָס טוט מען אָבער, אַז זיי זיינען אַ ביסל צו ברייט, ווייזן אויס ווי צוויי זעק?

אַ חסרון די כלה איז צו שען!—מאַכט ישראל און ציהט אַריין אַ בערגעלע טאַבעקע אין נאָז אַריין—ברייט זאָגט איר? שמאָל איז ערגער, טויזנט מאָל ערגער!...

איך הער נישט אויף צו טאַפּן זיך פון הינטן, זוך דעם שפּאַלט מיט דער קעשענע.

— וואָס זוכסטו דאָרטן?—זאָגט צו מיר די מאמע— דעם נעכטיגן טאָג?

— „אַלטער ליגנער!—טראַכט איך מיר און קוק אויף ישראלין ווי א גזלן.

— פאַרניץ געזונטו!—זאָגט צו מיר ישראל דער טויבער

און צערעכנט זיך פאַר דער אַרבעט, און דער טאַטע נעמט זיך צוריק צום שלחן ערוך און לערנט מיט'ן זעלבן נגון.

— טראָג געזונטו—זאָגט צו מיר די מאַמע, אַז ישראל דער שניידער געהט אַוועק; און זי הערט זיך ניט אויף צו שפּיגלען אין מיין קאַפּאָטקעלע—דו זאָלסט זיך נאָר ניט אָנהויבן מיט קיין קונדיסים, ניט שלאָגן זיך מיט קיין שקצים, וועסטו דאָס, אם ירצה השם, טראָגן און טראָגן, אַבי געזונטו!..

ו.

— אָט איז רב גדליה אויךו!—זאָגט די מאַמע—מע זאָל דערמאָנען משיח'ן!... פאַרטיג דעם קינד'ס שטיוועלאך?

— נאָך א מין פאַרטיגו!—זאָגט גדליה דער שוסטער מיט אַ טענצל און טראָגט די אויסגעפּוצטע שטיוועלאַך אויף אַ פינגער, ווי מע טראָגט אויף א שטענגל פרישע צאַפּלדיגע פיש, נאָר וואָס געכאַפּט פונ'ם טייך.—ס'איז דיר נאָר אַן אַקציע מיט זייו... די גאַנצע וועלט וויל אויף פסח זאָל זיין פאַרטיגו!—איך האָב געאַרבעט מיט דער גאַל, באָדאַי נישט געשלאָפן אַ נאַכטו... איך, אז איך גיב אַ וואָרט, מעג דונערן און בליצןו!..

די מאַמע מעסט מיר אָן די שטיוועלאַך, טאַפּט מיך און קוועטשט מיך און פרעגט מיך צי פיהל איך ניט, חס וחלילה, אַז עס זאָל מיך ערגיץ קוועטשן?

— קוועטשן?- זאָגט גדליה- מיר דאכט, אז אין די שטיוועלאַך קאָנען אַריין נאָך אַ פּאָר פיסלאַך, ווי ביי אייער זוהן.

— אַינו, שטעל זיך אָקאָרשט אַנידער אויף דער ערד— זאָגט די מאַמע.

איך שטעל זיך אַנידער און קוועטש די פּאָדעשוועס, איך וויל הערן ווי זיי סקריפּען—ווער? וואָס? ווען? קיין פּיפּס הערט מען פון זיי ניט!...

— וואָס קוועטשסטו אַזוי?—זאָגט צו מיר די מאַמע-האָב צייט, דאָס יאָר איז נאָך געננוג גרויס! איך בין דיר ערב, אַז וועסט זיי, אם ירצה השם,צערייסן ביז איבער-אַ-יאָר פּסח!... אצינד גענ זיך דורך מיט'ן טאַטן צו יחיאל דעם קירזשנער. וועט מען דיר אויסקלייבן אַ קאַשקעטל אויף יום-טוב; נאָר פּאַוואָלע די שטיוועלאך! קלאַפּ ניט אַזוי מיט די פּאָדעשוועס, זיי זיינען ניט פון אייזן!...

יחיאל דער קירזשנער זיצט די אַנדערע שטוב פון אונז. מיר כאַפּן זיך אַריין דורכ'ן הויף צו אים אין קלייט אַריין.

יחיאל איז אַ ייד פון געבוירן דוקא א וויסער, מיט ווייסע האָר; נאָר אַזוי ווי ער האָט שטענדיג צו טון מיט שווארצע געאַרבעטע היטלען, איז ער שטענדיג ווי אויס-געשמירט אין סאַזשע; די נאָז איז ביי אים תמיד פוןביידע זייטן פאַרבלאָווט, און די פינגער זיינען ווי איינגעטונקען אין טינט.

— ברוך הבא, א שכן, סקאָצל קומט!—מאַכט צו אונז יחיאל דער קירזשנער גאָר פריינטליך—פאַר וועמען ווילט איר עס אַ קאַשקעט אויף יום-טוב? פאַר זיך אַליין טאַקי, צי פאַר אייער יינגל?

— פאַר מיין זון—זאָגט דער טאַטע מיט גז'לות—נאָר איר זאָלט מיר ווייזן עפּיס רעכטס... עפּיס אַזעלכס... איר פאַרשטעהט?...

— דהיינו?—פרעגט יחיאל און קוקט אויף די פּאָליצעס.

— דהיינו—זאָגט דער טאַטע און ווייזט אים אויף די הענט—ס׳זאָל זיין אי פיין, אי שען, אי גוט, אי וואָלוול, אי אזוי... איר פאַרשטעהט?

— האָב איך פון אַייערטוועגן פונקט דאָס, וואָס איר באַדאַרפט!—מאַכט יחיאל און טוט אַ כאַפּ פון דער פּאָליצע עטליכע היטעלאַך מיט-אמאָל; און איטליכס היטעלע, בשעת ער טוט עס אַ נעם אויף דער האַנט, טוט זיך עס ביי אים אַ דרעה אַליין פון זיך, עפּיס טאַקי נאָר ווי דורך אַ כשוף!... אַלע מינוט מעסט ער מיר אָן אַנדער היטעלע, טרעט אָפּ אויף א האַלב ארשין, טוט מיר אַ קוק אין פנים אַריין מיט אַ שמייכעלע און א זאָג צום טאַטן:

— לאָ׳מיר האָבן אַזאַ יאָר, ווי עס פּאַסט אים! האַ? ווי געפעלט אייך אַ היטעלע? שוין איינמאָל אַ היטעלע!

— ניין, רב יחיאל, נישט דאָס מיין איך—זאָגט דער טאַטע און ווייזט אים אויף די פינגער—איך וואָלט וועלן אַ מין קאַשקעטל אַזעלכס, ס׳זאָל זיין, איר פאַרשטעהט, אַ מין יידיש טאַקי, נאָר מיט דער מאָדע, אָן צאַצקעס, בעל־הבתיש, און, און, און... איר פאַרשטעהט?

— זאָגט זשע אַזוי!—מאַכט יחיאל און כאַפּט אַראָפּ מיט אַ לאַנגן שטעקן פון דער אויבערשטער פּאָליצע אַ קאַש־קעטל, אַ האַלבקיילעכיגס, אַ קאָלירנדיגס מיט קעסטעלאַך, מיט אַ ווייך דאַשעקל, און טראָגט דאָס צו אויף איין פינ־גער און עס דרעהט זיך ביי אים גיך־גיך ווי א מילכל... פּאַ־וואָלינקע טוט ער דאָס מיר אָן אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, קוים וואָס ער רירט זיך צו, גלייך ווי מיין קאָפּ וואָלט געווען פון דין גלאָז און ער האָט מורא עס זאָל זיך ניט צעברעכן, און ער

ווינשט זיך אזאַ יאָר, אַזאַ מזל, ווי דאָס קאַשקעטל פּאַסט מיר! ס׳איז מער נישטאָ ביי אים, זאָגט ער, ווי דאָס איינס, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס!... דער טאַטע דינגט זיך מיט אים לאַנג-לאַנג; יחיאל שווערט זיך, אַז נאָר צוליב אונז גיט ער דאָס אַוועק אַזוי וואָלוול, כמעט אונטער׳ן קרן, ער זאָל אַזוי האָבן אַ כשר׳ן פּסח און אַל׳דאָס גוטס!...

איך זעה, אז דעם טאַטן איז דאָס קאַשקעטל שטאַרק געפעלן, מחמת ער געהט צו אַלע מאָל, שפּיגלט זיך אין דעם, טוט מיר אַ גלעט די פּאהלאַך...

-- ער זאָל כאָטש איבערטראָגן דעם זומער—זאָגט דער טאַטע.

— צוויי זומערן!—זאָגט יחיאל און שפּרינגט אונטער צום טאַטן—דריי זומערן! אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ קאַשקעטל דאָס איז! פאַרניץ געזונטע!...

ביז איך קום אַריין אין שטוב אַריין, איז שוין דאָס קאַשקעטל ביי מיר אויף די אויערן. איך פיהל, אַז ס׳איז אויף מיר אַ ביסל צו גרויס.

— אָן אַן אומגליק, אַבי ס׳איז נישט ענג!—זאָגט די מאַמע און רוקט עס מיר אָן כמעט ביז דער נאָז—זאָלסט עס נאָר נישט אויסטון אלע מינוט און אָנטון צוריק! זאָלסט ניט טאַפּן מיט די הענט!... טראָג געזונטע!...

ז׳

געקומען מיט׳ן טאַטן פאַרנאַכט אין שול אריין דאַווענען, טרעף איך שוין דאָרטן אַלע מיינע חברים: איציק און בערל, און לייבל, און אַייזיק, און צדוק, און וועלוול. און

שמעיה, און קאָפּל, און מאיר׳ל, און חיים־שלום, און שכנא, און שעפּסל, און נאָך און נאָך. אַלע געהען אָנגעטון יומטובדיג. אלע מיט נייע קאַפּאָטקעלאַך, אַלע מיט נייע שטיוועלאַך, נייע קאַשקעטלאַך. נאָר קיינער טראָגט ניט אַזאַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ „פּאַלבאָם“ ווי איך; קיינער געהט ניט אין אַזעלכע „שטיוואַלעס“ ווי איך, און ביי קיינעם זעה איך ניט אַזאַ מין משונה מאָדנעם קאַשקעט, ווי ביי מיר... פון שפּאַלטן, פון קעשענעס און פון סקריפּקעס רעד איך שוין ניט; מע האָט מיך רעכט אָפּגענאַרט, אָנגעטון אַ ספּאָ־דיק!...

„חברה“ האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ געלעכטער.

— אָט דאָס זיינען דיינע נייע בגדימלאַך, וואָס דו האָסט זיך אַזוי באַרימט? וואו איז דיין קעשענע, וואָס דו האָסט געזאָגט? פאַרוואָס הערט מען עפּיס ניט דיינע שטי־וועלאַך זאָלן סקריפּען?...

גענוג ס׳איז מיר אַזוי אויך שווער אויפ׳ן האַרצן, זאַלצן זיי מיר נאָך אויף די וואונדן! איטליכער זאָגט אויף מיר אַן אַנדער שטעכווערטל:

איציק זאָגט: — וואָס איז דאָס ביי דיר פאַר אַ קאַפּאָטוכע?

בערל: — אַ כאַלאַט!

לייבל: — אַ כלאַמידע!

אַייזיק: — אַ כלאַמינדריק!

צדוק: — אַ זשיפּעצע!

וועלוול: — אַ קליידל!

שמעיה: — אַ קרינאָלינע!

קאָפּל:—זעה נאָר, אַ פּאָר תּחתּונים מיט צוויי „טשאָ־בעטעס!

מאירל:—און אַ קאַשקעהוט!

חיים־שלום:—אַ קאַטערוכע!

שבנא:—אַ לאָקשענטאָפּ!

שעפּסל;—אַ פּאָמעניצע!

איך בין אַזוי צעקאָכט, אַז איך הער אָפילו נישט הערש־בער דעם חזן, ווי שען ער דאַוונט... איך קום צו זיך נאָר דעמאָלט, ווען דער עולם זאָגט שוין איינער דעם אַנדערן „אַ גוט יום־טוב! אַ גוט יום־טוב! אַ גוט יום־טוב!"... מיט אַ שווער געמיט און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געה איך מיט'ן טאַטן אַהיים, קוים וואָס איך שלעפּ די פיס. עס ברענט אַ פייער אין מיין האַרצן! עס גערעהן מיר נישט איין די אַרבע כוסות, וואָס מיר וועלן באַלד טרינקען; די פיר קשיות, וואָס איך וועל פרעגן דעם טאַטן; די הגדה, וואָס מיר וועלן זאָגן; די גוטע געפעפערטע פיש, וואָס מיר וועלן עסן מיט אונטערגעווייקטער מצה; די הייסע קניידלאך, די כרעמז־לאַך מיט די פאַלירטשיקעס, מיט די אַלע איבעריגע גוטע זאַכן—אַלץ, אַלץ איז מיר נישט ליב, נמאס, פאַרשטערט, פאַרשטערט!...

---

ביים סדר זיצט דער טאַטע, דער „מלך", אין אַ ווייסן קיטל מיט דעם סאַמעטנעם קאַשקעט אויפ'ן קאָפּ, אויבן אָן, אויף דער הסב-בעט, נעבן אים זיצט די מאַמע, די „מלכה" מיט דעם אַנטיקמאָרענעם קלייד, מיט דער זיידענער פאַ־

טשיילע, און מיט די שענע פערעלאַך, וואָס גיבן איר צו זעהר פיל חן. אַנטקעגן זיי זיצט איך, דער בן־מלך, דער „פרינץ", אָנגעטון אין גאָלע נייעם פון קאָפּ ביז פיס. פון איין זייט זיצטביילה דאָס דינסטמיידל, אָנגעטון אין אַ נייער סיצענער „פלאַטי" און מיט א ווייסן אָנגעקראָכ־מאַלעטן פאַרטוך, וואָס קנאַקט און טרישטשעט ווי אַ מצה. פון דער אַנדערער זייט זיצט די יידענע די קעכין, ברײנע איט די וואָנסן, מיט אַ נייער געלער פאַטשיילע אויפ׳ן קאָפּ; זי האַלט זיך צו דאָס פנים מיט איין האַנט און שאָקלט זיך. זי איז אָנגעברייט צו „האָרכן" די הגדה...

— „כהא לחמא עניא"—זינגט דער מלך מיט זעהר אַ שענער שטים, און די מלכּה העלפט אים הויבן די שיסל, און דאָס פנים שיינט איר און לויכט ווי אַ שטערן. ביילה לאָזט אַראָפּ די רויטע הענט אויפ׳ן ווייסן פאַרטוך, און דער פאַרטוך שעלעשטשעט ווי א בלאַט. ברײנע דערהערט אַ יידיש וואָרט, מאַכט זי אַ פרום פּנים און פאַרקרימט זיך אויף צו ווייגען. אַלע זיינען אויפגעלעגט. אַלע זיינען יומ־טובדיג, נאָר דער פרינץ איז עפּיס נישט מיט אַלעמען. דאָס האַרץ איז אים פאַרשטיינערט, די אויגן פאַרצויגן מיט אַ רויכל. ס׳זאָל ניט זיין פסח צום סדר, וואָלט ער זיך צע־וויינט. און אַז ער וואָלט זיך אויסגעוויינט, וואָלט אים, אפשר, געוואָרן אַ ביסל גרינגער...

— „השתא עבדי"—לאָזט אויס דער מלך מיט אַ נגון און מיט גרויס גדלות—היינט זיינען מיר קנעכט, „לשנה הבאה בני חורין", איבער־א־יאָר זיינען מיר פרייע מענשן!...

דער מלך זעצט זיך אַנידער און שפּאַרט זיך אָן אויף

דער הסב־בעט! נאָך אים זעצן זיך אַנידער אַלע אויף זיי־ערע ערטער און מע וואַרט, ביז דער פּרינץ, וועט אויפ־שטעהן און וועט פרעגן די פיר קשיות: „מה נשתנה?“ וועט דער מלך נאָכדעם ענפערן אַ תירוץ: „עבדים היינו“... דער פּרינץ זיצט אָבער ווי צוגעקאָוועט צום בענקל; ער קאָן זיך ניט רירן פונ׳ם אָרט.

— נו?... טוט אַ מאַך דער מלך מיט דער האַנט.

— שטעה אויף! - זאָגט די מלכה פרעג דעם טאַטן די פיר קשיות!

דער פּרינץ רירט זיך ניט. ער פיהלט, אַז עמיצער האָט אים אָנגענומען, ווי מיט אַן אַפּצווּ.נגע, ביים גאָרגל און וואַרגט אים. דער קאָפּ בויגט זיך אים אויף אַ זייט. די אויגן הויבן אים אָן שפּרינגען־שפּר נגען; עס טיילן זיך אָפּ צוויי קיילעכיגע טרערן ווי פערעלאַך, קייקלען זיך אי־בער די בעקלאַך און קאַפּען, פאַלן ..ייך אויף דער הגדה.

— וואָס איז דיר?—פרעגט אים די מלכה.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געוויין פּלוצים אינמיטדערי־נען ביים סדר? - צעשרייט זיך די מלכה אין ווערט אין כעס- דאָס דאַנקסטו אַזוי אָפּ כאַר די נייע מלבושימלאַך, וואָס מע האַט דיר געמאַכט אויף יום־טוב?

דער פּרינץ וויל אויפהערן וויינען, קאָן ער ניט; עס קוועטשט אים, עס שטיקט אים. עס האָט זיך אים מיט אַ מאָל געעפנט אַ קוואַל, אַ גאַנצער ברונים.

— זאָג, וואָס איז דיר? וואָס טוט דיר וועה? וואָס שווייגסטו? ענפער!

שטעהט אויף דער פרינץ און פלאָנטעט מיט'ן צונג:
– ססיה, איך וועל דיך פרעגן פיר טאַטעס, מיין איך, טאַטע, איך וועל דיך פרעגן פיר קאַש... קאַש... קאַש...

דעם פרינץ ווערן אונטערגעהאַקט די פיס און ער פאַלט מיט'ן קאָפּ אויפ'ן ווייסן טישטוך און וויינט און כליפּעט ווי אַ פּיצל קינד...

אַ פאַרשטערטער, אַ פאַרשטערטער פסח!...